צבי שטאָק

# כ׳וועל אייך דערציילן...



פאַרלאַג שד״ן
ניו יאָרק, 1951

## אינהאַלט:



---

ZVI STOCK

# CH'VEL EICH DERZEHLEN




2954 West 24th Street Brooklyn 24, N. Y.


---


*Printed in U.S.A.*

WALDON PRESS, INC.

203 WOOSTER STREET, NEW YORK 12, N. Y.

341

**עלינקען און ניסעלען מיט ליבשאַפט.**

צו אײַך, ליבע קינדער,
ברענג איך אַצינדער
ידישע מעשהלעך
שיינע —
טרעפט וואָס איך וויל:
איר זאָלט אין דער שטיל
קוועלן... ווען איר וועט זיי לייענען.

# לכבוד פורים

### א.

איך וויל אייך דערציילן אַ מעשהלע שיין, —
לכבוד פורים, דעם יום־טוב פאַר גרוים און פאַר קליין.
וועגן המן הרשע, דעם יידישן פיינט,
צוליב וועמעס מפּלה מיר יום־טובן היינט.
דאָס מעשהלע הויבט־זיך־אָן אַט־אַזוי:
אַמאָל איז געווען אַ פּערסישער גוי;
גערופן האָט מען אים „דער רשע המן"‎;
אַז ניט געדאַכט זאָל שוין ווערן זיין אָנדענק, זיין נאָמען.
ער איז געווען אַ מיניסטער ביים קיניג אחשורוש
און האָט געהאַט אַ ווייב מיטן נאָמען זרש.
און אייך צען בנים האָט המן געהאַט
און ויזתא האָט געהייסן זיין יינגסטער יאַט.

### ב.

און אַזוי ווי די מלכים פון מדי און פּרס
האָבן אָנגעטאָן די יידן ביטערע צרות,
אַזוי האָט אויך דער טיפּש, דער קיניג אחשורוש
געפּייניקט די יידן מיט ביטערע גזרות.
האָט המן געהערשט איבער דעם גאַנצן רייך,
און קיינער איז צו אים ניט געווען גלייך.
דאַן איז דער רשע ביי זיך געוואָרן שטאַרק
און געוואָלט פאַרטיליקן די יידן און אַראָפּ פונעם מאַרק!

### ג.

און מיט אחשורוש'ס ווייב האָט אַ מעשה נורא פּאַסירט,
ושתי האָט זי געהייסן, אין איר קרוין אויסגעצירט.
זי האָט געמאַכט אַ סעודה אין קיניגלעכן הויז
און איינגעלאַדן אַלעמען פון קליין ביז גרויס.
און אַז דער מלך אחשורוש איז אין פּאַלאַץ אַריין
באַטרונקען און באַזויפן, און שיכור פון וויין,
האָט ער באַפוילן, אַז ושתי זאָל קומען צוגיין
באַווייזן פאַר זיינע האַרן איר שיינקייט און חן.

האָט ושתי ניט געפאָלגט דעם קיניגס באַפעל,
איז אַחשורוש פאַר כעס געוואָרן גרין און געל.
און דער מלך האָט זיך געזעצט אויף זיין קיניגלעכן טראָן,
און געלאָזט רופן זיינע חכמים, און זיי באַזעצט אויבנאָן.
— וואָס זאָל איך טאָן צו באַשטראָפן מיין מרשעת,
וועלכע האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַזאַ ביטערן כעס ?!
האָט איינער ממוכן געזאָגט : פריילאָזן זי
וועט גאָר נישט טויגן,
וואָרן די מענער וועלן פאַראַכט ווערן ביי זייערע
ווייבער אין די אויגן.
— מען דאַרף ביי איר אָפּנעמען די קרוין
און דעם סצעפּטער,
און אַזוי־אַרום פּטור ווערן פון אַ קרענק אַ פאַרשלעפּטער !
און ממוכנס רייד זיינען דעם קיניג וואוילגעפעלן,
און ער האָט גלייך באַפוילן אַן אַנדערע מלכה צו באַשטעלן;
און אַלע זיינען פאַר פּחד געוואָרן גרין און געל,
ווען ס'איז אַרוים פון מלכות אָט־דער באַפעל :
— דער מלך אין זיין גרימצאָרן באַפעלט אייך אַזוי :
גלייך וויל איך האָבן אַ בעסערע, אַ שענערע פרוי !
און דאָס אַלץ איז געוואָרן פאַרשריבן אין די ביכער,
און מ'האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדערע קיניגין וואָס גיכער.

ד.

און ס'איז געווען אַ ייד פון שבט יהודה־און־בנימין,
מרדכי בן יאיר, געבענטשט איז זיין נאָמען. —
וואָס איז געקומען פון ציון מיט גלות ירושלים
קיין שושן דער הויפּטשטאָט צו אַ לעבן אַ נייעם.
איז ער געווען אַ צדיק, געלערנט און איידל,
און געהאַט אַ שוועסטערקינד, אַ בילד־שיינע מיידל.
זי איז געווען צו די יידן ווי אַ מאַמע און אַ שוועסטער,
איר נאָמען איז געווען הדסה — אסתר.
און מיידלעך זיינען געקומען אין די רייען כסדר
אין די בעסטע פאַרפּוצן און אין די טייערסטע קליידער.
אָבער קיין איינע פון זיי איז ניט געפעלן געוואָרן,
און אַחשורוש האָט געברענט פאַר כעס און צאָרן.

ה.

און אסתר האָט גענומען צום פּאַלאַץ זיך גרייטן
און דער ליבער מרדכי איז זי געגאַנגען באַגלייטן:
— ביסט מיין איינציקער אוצר וואָס איך טו פאַרמאָגן,
אסתרקע, זאָלסט דיין פאָלק און דיין שטאַם ניט אויסזאָגן.
און שטאָלץ זאָלסטו זיין, ביסט אַ יידיש קינד,
ווי איך האָב דיך דערצויגן, ריין פון זינד.
און ווען אסתר איז געקומען צום מלך צו גיין,
איז ער געבליבן צעטומלט פון איר יידישן חן.
און ער האָט זי גלייך אַוועקגעזעצט לעבן זיך אויפן טראָן
און די מלכות-קרוין פון ושתין איר אָנגעטאָן.
און זי געמאַכט קיניגין איבער זיין גאַנצן לאַנד,
און לכבוד איר געמאַכט אַ סעודה מיט דער פולער האַנט.

ו.

און צוויי קאַמערדינער פון שושן, בגתן און תרש
האָבן געוואָלט אומברענגען דעם קיניג אחשורוש.
ווען מרדכי און אסתר האָבן דאָס געהערט,
האָבן זיי גלייך זייער פּינצטערן פּלאַן צעשטערט.
און מ'האָט די פאַרשווערער אויפגעהאָנגען וואָס גיכער,
און די זאַך איז פאַרשריבן געוואָרן אין די
קיניגלעכע ביכער.

ז.

און פאַר המן הרשע האָבן אַלע געמוזט קניען,
נאָר איינער האָט ניט געקנים, דער ייד מרדכי פון ציון.
איז ניט געווען קיין גרענעץ צו המנ'ס כעס און צאָרן,
און ער פלעגט שרייען אויף יידן ביז ער
איז הייזעריק געוואָרן.
און המן איז ניט געשלאָפן ניט ביי טאָג, ניט ביי נאַכט
און ער האָט אַ בייזן פּלאַן אויף די יידן פאַרטראַכט.
און ער איז געקומען צום קיניג מיטן דאָזיקן פּלאַן:
— אין דיין מדינה, איז אַ ווידערשפּעניק פאָלק פאַראַן,

זיי צאָלן ניט קיין שטייערן, היטן ניט אָפּ דיין געבאָט,
און מאַכן אונדז, פּערסיער, צו שאַנד און צו שפּאָט.
און מרדכי דער ייד, וויל אויף דיין באַפעל ניט קוקן,
און ער טוט פאַר מיין געשטאַלט זיך קיינמאָל ניט בוקן.
זאָל דער מלך מיט זיין חסד מיר טאָן באַוויליקן,
אַז מען זאָל וואַרפן אַ גורל אַלע יידן צו פאַרטיליקן.

ח.

האָט אחשורוש, דער טיפּש, המנס בקשה דערהערט:
— דיר, מיין טייערער מיניסטער, זאָל
גאָרניט זיין פאַרווערט!
און אַזוי ווי ס'איז אַרויס דעם קיניגס געבאָט,
האָבן די יידן געוויינט און געבעטן צו גאָט.
און אויפן פערצנטן אדר, ווען דאָס אומגליק דאַרף געשען,
האָבן אסתר און מרדכי גוזר תענית געווען.

ט.

אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט מיט פינצטערע רעיונות,
האָט מען געעפנט פאַרן קיניג דעם ספר הזכרונות.
און דאָרט איז געווען פאַרשריבן וועגן בגתן און תרש,
וועלכע האָבן געוואָלט דערמאָרדן דעם קיניג אחשורוש.
און אַז מרדכי דער ייד מיט זיין מוטיקן וואָרט,
האָט דעם קיניג געראַטעוועט פון אַ זיכערן מאָרד.
האָט דער קיניג געלאָזט רופן המנען
און זיינע קלוגע פאַרשוינען:
— וואָס טוט מען ניט אַ מענטשן, וועמען
איך וויל טייער באַלוינען?
און המן רעכנט, אַז דאָס מיינט מען אים אַליין,
קומט ער אַרויס מיט דיבורים, מיט זיינע שאַרפע ציין:
— זאָל מען אים אָנטאָן דיין מאַנטל אין פורפור־ווייס־בלוי,
און ער זאָל רייטן אויף דיין פערד און מ'זאָל
פאַר אים שרייען אַזוי:
— „דאָס איז דער בעסטער פון אַלע פאַרשוינען,
אַזוי ווערט געטאָן צו דעם, וועמען
דער קיניג וויל באַלוינען!"

— און אַ תליה פאַר מרדכין דעם יידן שוין שטייט,
איך און מיין הויזגעזינט האָבן זי צוגעגרייט.
— אים וויל איך צוערשט אויף איר אויפהענגען
און דערנאָך אַלע יידן אינגאַנצן אומברענגען!

י.

— המנקע, המנקע, דו מוזט שיכור זיין, —
אַז מען גראָבט אויף יענעם אַ גרוב, פאַלט מען אַליין אַריין.
אַזוי האָט געזאָגט דער מלך אַחשורוש
צו המן הרשע און זיין קליפּה, זרש.
— אַלץ וואָס האָסט גערעדט, זאָל גלייך ווערן געטאָן
צו מרדכין, דעם ייד, וואָס ווערט דער צווייטער
אויף מיין טראָן.
און די תליה וואָס דו האָסט פאַר מרדכין געמאַכט,
אויף איר וועסטו הענגען נאָך היינטיקע נאַכט!
אַחשורוש האָט באַפוילן, און אַזוי איז געשען,
און ס'איז נאָך קיינמאָל ביי די יידן אַזאַ פרייד ניט געווען.
און וואָס ס'איז געשען מיט המנען און מיט זיין הויזגעזינד,
ווייסט דאָך איטלעכם יידישע קינד.
און וואָס ס'איז געשען אויך מיט זיינע צען בנים,
זאָל זיין אַ מוסר-השכל פאַר אַלע יידישע שונאים.
און דאָס מעשהלע איז פאַרשריבן אין דער מגילה, אין תנ"ך,
אַז פון קלענסטן שטעטל ביז צום גרעסטן כרך,
זאָל מען פייערן פורים פון יאָר צו יאָר
דעם פערצנטן טאָג אין חודש אדר.

# אַ פּורים שפּיל

## פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| דער זיידע | מאַנדריש |
| אסתר | זיתר |
| ממוכן | יהודית |
| המן | דאָס ייִנגעלע |
| ויזתא | אחשורוש |
| חרבונה | מרדכי |

(די בינע איז באַלויכטן אין טונקל בלוי ליכט. עס קומט אַריין דער זיידע, דערלאַנגט דעם ייִנגעלע אַ גראַגער).

**דער זיידע:**

— זע, אַז המן, דער רשע, דער געמיינער
זאָל פון דיר ניט אַרויס מיט קיין גאַנצע ביינער.
גיב אים ווי ער איז ווערט
און זאָל ער ליגן אין ד׳רערד.

**דאָס ייִנגעלע:**

זאָרג זיך ניט, זיידע!
אָט הערט די גאַנצע עדה (איידע):
ער וועט שוין ביי מיר קריגן,
אַז אין ד׳רערד וועט ער ליגן . . .

**דער זיידע:**

נו מיין טייערער, עס איז שוין זייער שפּעט,
אַזעלכע קינדער ווי דו מוזן שוין שלאָפן אין בעט.
געדענקסטו די מעשה פון אַמאָליקע יאָרן
ווי המן פון פּרס איז שלעכט פאַרפאָרן?

**דאָס ייִנגעלע:**

יאָ, זיידע, איך געדענק אַ מעשה זייער שיין,
פון המן הרשע מיט די שאַרפע ציין,
געוואָלט האָט ער ברענגען אויף די ייִדן אַ צרה
און געוואָרן איז ער אַליין די כפּרה . . .

**דער זיידע:**

גערעקסטו נאָך די מעשה און דאָס לידעלע?
זינג, וועל איך דיר ברענגען אַ מתנה, אַ פידעלע.
המן איז געווען אַ הונט מיט שאַרפע ציין,
בייסן האָט ער אונדז געוואָלט אַמאָל, איז
אַ נס געשען.
די כפרה איז ער געווען פאַר כל ישראל, אמן ואמן...
(עס דערהערן זיך מיט אַמאָל קולות פון יענער זייט טיר).

לאָזט אונדז אַריין, לאָזט אונדז אַריין,
ווייסט איר ווער עס קאָן דאָס זיין?
ווייסט איר ווער עס קאָן דאָס זיין?
המלך הכבוד די גאַנצע וועלט,
היינט איז פורים, מען גייט פאַרשטעלט.

(עס קומען אַריין פאַרמאַסקירטע קינדער אין פאַרשיידענע קאָסטיומען. אויפן טראָן זיצט אַחשורוש, אסתר מיט זייערע דינער און קיניגלעכע הארן.)

**אסתר:** ברוכים הבאים! ליב אייער קומען, אַ גוט יום טוב אייך ליבע קינדערלעך!

**די קינדער:** געבענטשט זאָל זיין די מלכה אסתר!

**איין ייִנגעלע:** און דער פעטער מרדכי וואָס איז ביי אונדז דער בעסטער!

**אַחשורוש:** אַ גוט יום טוב אייך ליבע יידישע קינדערלעך!

**המן** (לויפט אַריין בייז און דערשראָקן): אדוני, מיין האַר קיניג, ברענג אום אַלע יידן, זיי פאָלגן ניט וואָס דו באַפעלסט, שפּאָטן אָפּ פון דיינע געטער, טוען ניט וואָס דיר געפעלט.

**אַחשורוש:** ניין, מיניסטער, ניין און ניין! דאָס איז נישט פיין, דאָס איז ניט שיין! דאָס איז גאָר ניט וואָס איך מיין!

**ממוכן** (צום קעניג): מיין גרויסער האַר און קעניג, איך בין דיר שטענדיק אונטערטעניק, און גרייט צו יעדער צייט און אָרט אויסצופאָלגן דיין הייליק וואָרט, זאָג, איך הער, וואָס איז דיין באַגער?

**אחשורוש:** מיין באגער... וועט זיין ניט וויניקער און ניט מער . . . ווי אַ גרויסע פליאַשקע מיט מאַשקע (משקה).

**ממוכן:** יאָ, מיין גרויסער האַר און קעניג, איך בין דיר שטענדיק אונטערטעניק, איך ממוכן, וועל דיר ברענגען צו פאַרזוכן, פון דעם זאַפראַן קוכן, וואָס דיין ושתי האָט געבאַקן.

**מאַנדריש:** קום אהער, דיין קיניג וויל געווים בראַנפן מיט קוכן. זאָגט אים, אַז צופיל שיכורן איז מיאוס, ווייל ער פאַלט שוין אַזוי אויבעט פון די פיס. אמת, היינט איז טאַקע פורים, און עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז צו זיין שיכור פורים, איז אַ מצוה אַ גרויסע. דיין קיניג מאַכט דאָך אַזוי אויך אַ כוסה . . . טאָ זיי אַ קלוגער ריכטער און זאָג אים, אַז היינט מוז ער זיין ניכטער . . . כדי אויף המנען זאָל קומען אַ מפלה . . . והעיר שושן צהלה . . .

**זיתר:** שטיל, איך וויל מען זאָל אָנהייבן דעם פורים שפיל . . . עס ווערט שוין שפּעט . . . אַזעלכע קינדערלעך ווי מיר, דאַרפן שוין באַלד גיין שלאָפן אין בעט . . . נו, חברה, הייבט אָן . . .

**חרבונה:** אַ גוטן פורים, אַ גוטן פורים זאָל אייך גאָט געבן. פון היינט איבער אַ יאָר זאָלט איר אין פריידן דערלעבן. אָט וועט איר הערן פון דעם נס אַצינדער, ווי גאָט האָט געהאָלפן די יידישע קינדער.

**ממוכן:** מיר זענען געקומען אייך פריילעך צו מאַכן מיר וועלן שפילן און איר וועט לאַכן . . . היינט איז דאָך פורים, יום טוב ביי יידן, פון אונדזער שיין שפילן וועט איר זיין צופרידן . . . מיר וועלן גלייך אָנפאַנגען מיט דעם זון פון המן בן המדתא, דער גרויסער חכמתא, דער קליינער ויזתא . . .

**ויזתא:** איך בין ויזתא דער גרויסער חכמתאַ אַ זון פון באַרימטן רשעתאַ המן בן המדתאַ . . . זאָל דער קיניגוסאַ געבן עפּעס אַ זאַגוסאַ . . .

**מאַנדריש:** הערט זיך אַלע צו, דער שוטה בן פּיקהאָלץ איז דאָ.

**אַחשורוש:** איך בין אַחשורוש דער מלך פון פּרס, ושתי מיין ווייב האָט מיר פאַרשאַפט פיל צרות. זי איז אויף דער סעודה צו מיר נישט געקומען, האָט מען איר דעם קאָפּ אַרונטערגענומען. מיין נאָמען איז גרויס אויף דער גאַנצער וועלט, איך האָב אַ סך לענדער, איך האָב אַ סך געלט.

**ויזתא** (צו המנען): קלוגער טאַטוסאַ, עפן דיין פּיס־קוסאַ, און זאָג עפּעס דעם טיפּשוסאַ.

**המן:** גרויסער מלך, דערלויב מיר עפּעס צו זאָגן, עס איז פאַר מיר צו שווער, איך קען דאָס ניט איבער־טראָגן: אין אונדזער מדינה זיינען פאַראַן אַ סך יידן, וואָס זיינען מיט דיר ניט צופרידן. פון דיינע געזעצן האַלטן זיי אין איין לאַכן, זיי וועלן אונדז פאַר קבצנים מאַכן, אַלע גע־שעפטן זענען ביי זיי אין די הענט, אונדזער גלויבן איז ביי זיי דאָך געשענדט . . . ליבער, גרויסער קיניג פון לאַנד, זיי פאַרטרייבן איז נאָך ווייניק, מען טאָר צו זיי ניט זיין קיין וויכער, מען דאַרף זיי פאַרטיליקן — ס׳זאָל פון זיי ניט בלייבן קיין זכר (זעיכער). גרויסער קיניג, ליבער האַר . . . צען טויזנט רענדלעך גיב איך דערפאַר . . . (גיט אים אַ בייטל מיט געלט.)

**מאַנדריש:** איר הערט? אויף דעם בייזן שלעכטן המן . . . זאָל קומען . . . איר ווייסט שוין אַליין וואָס . . .

**ויזתא:** איך, דער קליינער ויזתא, ליבער טיפּשוסאַ, היים דיר נעמען דאָס געלטוסאַ, וועט זיין אַ בראָכוסאַ צו דיין קאָפּוסאַ . . . (ניסט, האַפּטשי! האַפּטשי!)

**אַחשורוש:** המן, ביסט אַ קלוגער מאַן, מיר געפעלט דיין פּלאַן. גיי און טו לויט דיין פאַרשטאַנד, נאַ דיר דאָס רינגל פון מיין האַנט. (גיט אים דאָס רינגל) אַ באַפעל צעשיק איבערן גאַנצן לאַנד, אַז איך אַחשורוש האָב באַ־וויליקט, אַז די יידן אין איין טאָג זאָלן ווערן פאַרטיליקט!

(המן אָפּ. אסתר קומט אַריין, פאַרנויגט זיך פאַרן קעניג.)

**אַחשורוש:** ליבע, שיינע און טייערע פרוי, וואָס ביסטו דערשראָקן און בלאַס אַזוי? וואָס פאַרלאַנגסטו? איך בעט דיך, זאָג, איך גיב דיר האַלב וואָס איך פאַרמאָג.

**אסתר:** זעסט מיין פנים איז בלייך און ווייס, איך האָב געהערט אַ שרעקלעכע נייַס, מען וויל דאָס יידישע פאָלק פאַרניכטן, נאָר דו אַליין קאָנסט עס פאַרריכטן. האָסט אַ מיניסטער, איז ער אַ פיינט פון אונדז יידן, ער איז אַ פיינט פון דיין טראָן.

**אחשורוש:** שלעכטס טאָן ווער וויל דיר מיין ליב־סטע? טויט! פאַר אַ שלעכט וואָרט פאַר דיר! נאַ דיר מיין שטעקן, מיין שיינע, זעץ זיך דאָ־אָ, לעבן מיר . . .

**אסתר:** קיניג, איך שטאַם אָפּ פון יידן, מיין פעטער מרדכי, דיין פריינט, האָט דיך פון טויט געראַטעוועט, האָט דיר אַנטדעקט דיינע פיינט. אָט איז מיין פעטער מרדכי!

**מרדכי:** גרויסער קיניג, איך בין דער — וואָס האָט דיך אַמאָל געראַטעוועט פון טויט, בעט איך דיך אונדז העלפן אין אַ נויט. שרייב אונטער אַזעלכע פאַפּירן, אַז די יידן וואָס וואוינען אין דיין לאַנד און היטן תמיד דיין באַשטאַנד, זאָל קיינער ניט וואַגן אָנצורירן . . .

**יהודית:** איך האָב געבראַכט אַ שרעקלעכע נייעס: המן האָט געמאַכט אַ תליה פאַר מרדכים וועגן. (המן קומט אַריין.)

**אסתר:** אָט איז דער רשע, המן אַליין!

**ויזתא** (וויינט): ווײַ, ווײַ, טאַטוסאַ, מיר ווערן די כפּרהסאַ!

**מאַנדריש:** איר הערט? ס'איז אַ סברה, אַז המן וועט ווערן די כפּרה.

**המן:** איך האָב געמאַכט אַ תליה פאַר מרדכי'ס וועגן.

**אחשורוש:** זאָלסטו אויף איר דעם טויט באַלד קריגן, און מרדכי היהודי זאָל זיין מיין ערשטער מיניס־טער! די יידן זאָלן פון פרייהייט געניסן, אָן דער מלכה אסתרס זכות. אַזוי טו איך איצט באַפעלן פון הודו ביז כוש! אויך המן זאָל ווערן געהאַנגען, זיינע צען זין מיט אים!

**ויזתא** (וויינט): המן בן המדתא, אַ קלאָג צו דיין קאָפּוסאַ.

(המן חלשט, לאָזט אַראָפּ זיין קאָפּ.)

**מאַנדריש:** נו, וואָס זאָגסטו, פּאַניע המן הרשע?
וועסט שוין וויסן נאָכאַמאָל ווי זיך צו טשעפּען צו יידן?
און אויסקלערן אויף זיי בלבולים אומזיסט און אומנישט?
אַלע המנס ווינטש איך אַזאַ סוף! באַלד, באַלד וועסטו
ליגן אין ד'רערד און מרדכי הצדיק וועט רייטן אויפן פערד.

**ויזתא:** אַ בראָך צו מיין קאָפּוסאַ, באַלד וועט מען
מיך הענגען אויף דער תליוסאַ. (וויינט.)

**מאַנדריש:** לעקיש, זאָל זיין שטיל! רבותי, מיר
האָבן געענדיקט דאָס שפּיל!

**דאָס יינגעלע:** קום איך אַריין צו שפּרינגען . . .

**אַלע זינגען:** זינגען מיר, לויבן מיר שושנת יעקב...

פאָרהאַנג



# נח מיט זיבן גרייזן

א.

עס איז געווען א שיינער, א זוניקער פרילינג־טאג. פון אלע גאסן און געסלעך האבן זיך געצויגן קינדער, יינגלעך און מיידלעך, קלענערע און גרעסערע, פון די פאבליק־סקולס אהיים.

צוויי פון די קינדער, חיים און משה, האבן זיך גע־אײלט אהיים. זיי האבן נאך געדארפט טרינקען מילך און עפעס צובייסן, און דערנאך גלייך גיין אין דער יידישער פאלק־שול.

— היינט, משה, קום איך פרי אין שול אריין — האט חיים, זיך אײלנדיק, געזאגט צו זיין חבר משהן.

— פארוואס? — האט אים משה געפרעגט — עס איז עפעס ניט גלאט, ווייל געוויינטלעך קומסטו אלעמאל אביסל שפעטער ווי אלע קינדער.

— היינט האט דער לערער אונדז צוגעזאגט צו דער־ציילן די מעשה פון נח — האט חיים געענטפערט.

— וואס פעלט דיר איין, חיים? — האט משה געפרעגט פארוואונדערט — מיר האלטן דאך שוין אין חומש א סך ווייטער, טא ווי זשע קען דער לערער דער־ציילן וועגן נחן?

— עס האט ניט צו טאן מיט נחן פון חומש — האט חיים געענטפערט. — דאס איז אן אנדערע, זייער א שיינע מעשה; ס'איז א מעשה פון נח מיט זיבן אלטע לײט.

ב.

אין א האלבער שעה ארום האבן זיך די קינדער, חיים און משה, ווידער באגעגנט, גייענדיק אין דער פאלק־שול. זיי זיינען צוגעקומען לעבן דער פאלק־שול. די קינדער האבן דארט געשטיפט און געלאכט, געשפילט פארשיידענע שפילן און זיך געביטן מיט „פאנים" (אילוסטרירטע שפא־סיקע מעשיות). עס איז אנגעקומען דער לערער. אלע זיינען אריין אין קלאס־צימער. ס'איז געווארן זייער שטיל.

דער לערער איז געשטאַנען ביים טאָוול. ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו די קינדער און געזאָגט:

— זעט, אָט שרייב איך אָן אַ קליין ווערטעלע, אינ־גאַנצן פון צוויי אותיות: נ ח. אויף יידיש, אויב איינער מאַכט אַ סך גרייזן אין אויסלייגן ווערטער, זאָגט מען: „ער האָט אָנגעשריבן נח מיט זיבן גרייזן."

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן אַלע קינדער זיך צעלאַכט אויפן קול.

— ווי קען מען אויסלייגן אַזאַ קליין וואָרט ווי „נח" אַזש מיט זיבן גרייזן? — האָט געפרעגט נח גערגעלע און זיך אויך צעלאַכט. (די קינדער האָבן אים געגעבן אַזאַ צונאָמען, „גערגעלע", ווייל ער האָט ניט געוואָלט עסן, און טרינקען קיין מילך, און איז דערפאַר געוואָרן דאַר און מאָגער).

אַלע קינדער האָבן זיך צעלאַכט אויף אַ קול. דער לערער האָט די קינדער באַרואיקט און צו זיי געזאָגט:

— דאָס איז טאַקע דער קונץ, און דערפאַר זאָגט מען טאַקע אויף יידיש: „ער האָט אָנגעשריבן נח מיט זיבן גרייזן," ווייל דאָס וואָרט „נח," כאָטש ס'איז אַזוי קליין, דאָך קען מען עס אויסלייגן מיט זיבן גרייזן; און אויב איר וועט זיך האַלטן רואיק און ניט צופיל לאַכן, וועל איך אייך ווייזן ווי אַזוי; אָבער, צוערשט וויל איך הערן צי איר קענט שרייבן אַ געגראַמט לידל מיטן וואָרט „נח":

— איך קען, — האָט נח גערגעלע געזאָגט, אויפ־הויבנדיק די האַנט.

— נו, לאָמיר הערן, נח, — האָט דער לערער געזאָגט.

די קינדער האָבן געעפנט זייערע העפטן, נח גערגעלע האָט אָנגעהויבן:

איך הייס נח —<br>
פון קוימען גייט אַ רויך,<br>
ווייל איך עס ניט —<br>
האָב איך ניט קיין כוח.<br>
פון היינט אָן וועל איך עסן<br>
וועל איך וואַקסן הויך . . .

— בראוואָ! — האָט דער לערער אויסגערופן.

אַלע קינדער האָבן זיך הויך צעלאַכט.

— און צוליב נח׳ס שיין לידעלע, — האָט דער לערער צוגעגעבן, — וועל איך אייך ווייזן, ווי מען לייגט אויס נח מיט זיבן גרייזן.

ג.

דער לערער האָט אָנגעהויבן שרייבן, די קינדער האָבן זייער שטאַרק געלאַכט ביי איטלעכן אות וואָס דער לערער האָט אויפגעשריבן. אַלע האָבן נאָכגעשריבן פון טאָוול אין זייערע העפטן:

לאַנגע נון, קאָמעץ־אַלף, וואָוו, יוד, פּתח־אַלף, היי, לאַנגע כאָף —

ן אָ ו י אַ ה ך

די קינדער האָבן געלאַכט און אויסגערופן:

איצט פאַרשטייען מיר פאַרוואָס אַז איינער קאָן ניט אויסלייגן זאָגט מען: ער שרייבט נח מיט זיבן גרייזן!

חיים האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צום לערער:

— איך האָב געמיינט אַז „גרייז״ מיינט אַן אַלטער מאַן. האָב איך געטראַכט, אַז איר וועט אונדז דערציילן אַ מעשה פון נח מיט די זיבן אַלטע לייט.

האָט דער לערער געענטפערט:

— אַ „גרייז״ מיינט אַן אַלטער מאַן און אַ „גרייז״ מיינט אויך אַ טעות. היינט האָב איך אייך דערציילט ווי מען לייגט אויס נח מיט זיבן גרייזן. אַ צווייטן מאָל וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה פון „נח מיט זיבן אַלטע לייט.״

אַזוי האָט זיך געענדיקט די ערשטע העלפט פון דער לעקציע. אַלע קינדער זיינען געווען אומגעדולדיק אַז די לעקציע זאָל זיך פאַרענדיקן. די שטיפער האָבן געוואָלט לויפן אַהיים. יעדער איינער האָט געוואָלט פרעגן זיינע עלטערן:

טאַטע, מאַמע, ווי לייגט מען אויס „נח״ מיט זיבן גרייזן?

# אלף-בית

אלף, בית, גימל —
וואו ביזטו, גאָט אין הימעל?

דלד, הא, וואָוו —
עס בלאָנדזשען דיינע שאָף.

זין, חית, טית —
שוין טויזנטער מעת לעת...

יוד, כף, כף —
טו־אָפּ פון זיי די שטראָף!

למד, מם, נון —
וואָס האָסטו דען דערפון?

סמך, עין, פּא —
דערבאַרעם זיך אויף זיי!

פא, צדיק, קוף —
דערהער שוין זייער רוף!

ריש, שין, תיו —
צו מלחמות מאַך אַ סוף!

